משה בראדערזאן.

# א חתונה'קע.

# „אַ חתונה'קע" — פאָרשטעלונג
פון משה בראָדערזאָן.

# „A CHASENKE"
napisał M. BRODERSON.

צייכענונג אויף'ן שער=בלאַט
פון מאַרק שוואַרץ.

פאַרלאַג „יונג-אידיש", לאָדזש.
תר"פ.



:: משה בראָדערזאָן. ::

# א חתונה'קע.

אין דיין זכות, שיינע־מרים,
האָב איך דעם געזאַנג געזונגען.



# אַ חתונה'קע.

אַ שטילער פורים־שפילער — אָנגעטאָן אין אַ משונה'דיקע מאַסקע פון וואַלעדיקקייט. ס'רוב — מרה־שחורה'דיג.

קאַלאָמבינע — אין אַ שטערן־קלייד; דער רייץ פון'ם אַלטעגליכן לעבן; עס שמעקט פון איר אַרויס מיט אַלע בשמים און ריחות פון דער שטעטישער פאַראיידלטקייט, און קרענקלי־כער צאַרטקייט.

אַרלעקין — אַ פאַרשיידנפאַרביק געקליידט באַשעפע־ניש. ס'מלבוש זיינס פאַרמאָגט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן; די אויגן — ס'איבערגעקליגלטע ענגהאַרציקקייט. שלאַנק, באַוועג־ליך; אין די תנועות אָפט קעציש צערטלעך.

דריי לבנה־שאָטנס — פון מרים הנביאה, שולמית און רות.

דאס וואָרט פון ישעיה הנביא.

די מוזיק:

ס'קלאַרנעטל — לבנה'דיק פאַרחלום'ט.

די פידעלע — הארציק, סאַנטימענטאַל.

די טראמפייט — גאוה'דיק, עשירות'דיק, אָנגעבלאָזן, ברוטאַל.

דער קאָנטראַבאַס — מיושב'דיק בעל־הבת'יש.

די טעלער — נאַאיוו, שאינו יודע לשאול'דיק, נאר אין דעם קינדערשן פלאַפלען אָפט — וויטזיכטיק און פשוט.

די פויק — פויקט צום טאַקט יעדערן.

פון שווערע שטורעם־טראָגנדיקע וואָלקנס קויקלט זיך פלוצים אַרויס אַ גאַנצע לבנה, און עס הויבט זיך אָן די שפיל:

ooo

**דער שטילער פורים-שפּילער.**

אָט אַזוי פאַרוואָלקנט, אָט אַזוי —
איז דער הימל פאַר מיר תמיד גרוי.
איז דער הימל פאַר מיר תמיד שווער.
און מיין האַרץ איז אויסגעהוילט, און לער...

**דער קאָנטראַבאַס.**

וואָס דער מער? איז וואָס דער מער?

**דער שטילער פורים-שפּילער.**

אונטער מאַסקע רינט אַראָפּ אַ טרער.
מיט איין טרער איז מיר געוואָרן לייכט.
לייכטער. ס'איז מיין בליק פון מיר באַפייכט.
און עס שלייכט ארום מיין אומרואיקער בליק.
דורך די טרערן זוכן אויגן מיינע גליק.
דורך דער טרער, וואָס טריקנט מיין געביין.
דורך דער טרער, וואָס שלייפט דעם קיזל-שטיין —

**די פידעלע.**

וויין! וויין! וואָלוול — דיין געוויין!

**דער שטילער פורים-שפּילער.**

און מיין טרער איז דאָך אַ קרבן ריין.
קלייבן זיך די טרערן מיינע אָן —
ווערט דער הימל אין די וואָלקנס אָנגעטאָן.
הענגען וואָלקנס שווערע מיר אריבער קאָפּ.
און אין רעגן לאָזן זיי זיך צו דער אַראָפּ,
אין די שפּע-רעגנס צו דער פרילינגס-ערד.

און די ערד אין פרייד און לייד באפרוכפערט ווערט...
און עס פֿאַלן הענט און פיס מיר אָפּ,
ווייל עס האָגלט מיט חורבנות אויף מיין קאָפּ —
טראָפּ נאָך טראָפּ, און פעלזן־שטייניק שווער;
און מיין האַרץ איז אויסגעהוילט און ליער!
און אַזוי פאַרוואָלקנט, אָט אַזוי —
זענען תמיד זיבן הימלען פאַר מיר גרוי —

## ס׳קלאַרנעטל.

פלי — פלי! ס׳נעגטערט זיך אַ פּלעמל בלוי...
בלוי, בלוי, ס׳נענטערט זיך אַ בלויע פּרוי!
בלייב, בלייב, בלענדנד איז איר לייב!

## דער שטילער פורים־שפילער.

גרוי דעם אומעט פון מיין טאָג איך טרייב —
און די שיינקייטן אין מיסט איך קלייב —

## דער קאנטראבאס.

וואויל, וואויל — ס׳נענטערט זיך אַ וואוילע ווייב!

## טראָמפייט.

וואו? פון וואַנען? ווי? און וואָס, און ווען?

## די פידעלע.

זאַם—זאַם, זאָרגלויז, כ׳וויל זי ז־כער, זען
אין געזימל... אינ׳ם זילבער־זוים!...

## דער שטילער פורים־שפילער.

ס׳איז מיין בלענדעניש — מיין פאַלשער טרוים...
ס׳איז מיר איר דערנענטערונג ניט ליב —

## די פּידעלע.

זיפט, זיפט... זיפן זאָל אַ זילבער־זאמד...

## דער שטילער פוּ״ים-שפּילער.

האָט די פּרוי געביסן מיר מיין ליפּ,
האָט די פּרוי די אויגן מיר פאַר׳סמ׳ט.
האָט אין מיר אַ צאָרן אויפגעפלאַמט,
האָט געוואָרפן מיך אין חשך-נעכט.
האָט די קדושה פון מיין האַרץ פאַרשוועכט —

## דער קאנטראבאס.

ברענט, און בריט, און בראָט און ברעכט...

## טראמפּייט.

רומל-רייכקייט, אומ־וּ — רוּ — — — —

## ארלעקין.

קאָלאָמבינע, פריינדין, דאָס ביזטוּ!
דאָס ביזטוּ די הערשערין פון נעכט!
פלעכט, אָ, דיינע שלאַנגען-צעפ, אָ פלעכט!
ס׳זענען דיינע צעפּ דאָך וואונדער עכט —
וואונדערבאַרע, שענסטע קעבסווייב מיין!

## די פידעלע.

זענזוּכט... זילבערדיק איר האַלדז זאָל זיין —

## ס׳קלארנעטל.

פּלי — פּלי — פליגלדיק, פאַרליבט און פיין —

## ארלעקין.

וואונדערבאַרע געטין, כ׳בין פאַרליבט!
כ׳בין פאַרליבט אין דיר — אין זונען-גלאַנץ —

## די טעלער.

צענער צאַצקעס, צאַצקעס גלאנצן... טאַנץ!

קאלאמבינע.

כ'בין פון עפיס היינט, מיין פריינט, באַטריבט.
ס'הילט מיך אום אַ טרויעריקע נאַכט:
דער לבנה'ס אויגן — צוגעמאַכט —
עפיס זענען שטערן איצטער שטום...

די קעסלפויק.

בום! דום!

ארלעקין. קאלאמבינע, נעם ארום,

נעם ארום מיך מיט דיין אָטעם הייס,
נעם ארום מיך מיט דיין ליבע צאַרט,
כ'האָב דיך אין לבנה אָפגעוואַרט,
און פאַר דיר אַ מעשה'לע איך ווייס.
הייס מיר זי דערציילן, בין איך גרייט,
וועל איך זי דערציילן איצטער גלייך.
מיך באַגלייטן וועט אַ ליבע-פּלייט.
כלי-זמר'לעך, כ'באַשטעל אַ ליד באַ אייך...

די פּידעלע.

זינגען זינג איך זעלטן דעם געזאַנג —

ס'קלארנעטל.

כ'פּיל, איך וועל דערפילן דעם פאַרלאַנג —

די טעלער.

צאַנקען=צאַנק, צאַנקען=צאַנק

די קעסלפויק. פויקן באַנג?

טראמפייט.

וועלטן זענען אלע קריפּל=קראַנק —

**דער קאנטראבאס.**

גנב'ט מיר ניט מיין געדאַנק...

**ארלעקין.**

כ'בענק לאַנג...
כ'בענק נאָך דיר מיין צאַרטע שיינע פרוי.
ביזט מיין רייצנדיקער לעבן בלוי,
ביזט מיין תפלה, און מיין גאָט, מיין אַלץ.
כ'האָב לבנה־פערל פאַר דיין האַלדז...
זילבער־סטענגעס האָב איך פאַר דיין קלייד.
כ'האָב פאַר דיר מיין לוסטיק שפּע־פרייד.
כ'האָב פאַר דיר אַזעלכע צאַרטע רייד.
כ'האָב מתנות, אוצרות אָנגעגרייט...
אייביק איז מיט דיר דאָך מיין געדאַנק.
אייביק זע איך דיך אין זונען־בלאַנק,
און איך קני פאַר דיר בתמימות פרום!

**די טעלער.**

צינקען־צאַנק, צונגען לאַנג —

**דער קאנטראבאס**

ברום! ברום!

**די קעסלפויק.**

ב—ו—ם!

**ארלעקין.**

ביזט מיין געטין, און פאַר דיר איך קני,
און פאַר דיר איז אָפן ברייט מיין הויז,
און פאַר דיר מיין טעפיך שפּרייט איך אויס,
און אין שטראַלן פון דיין בליק איך בלי,

ס׳קלארנעטל.

כלי, פלי, פלאַטער פויגעלע, פלי, פלי!

ארלעקין.

ווי אנ׳אויפגעשאַרצטע רויטע רויז
זעסטו, קאָלאָמבינע איצטער אויס.
רוען וויל איך איצטער אין דיין שויס.
ס׳שמעקן דיינע האָר, ווי פרישער גראָז.
און דיין מויל איז, ווי אַ ווייַנען-כוס,
אויף דיין ליפ — אַ שמייכעלע א דינס —

די טעלער.

צאָלן צינז... צינז .. ציילן, צאָלן צינז...

ארלעקין.

איך ברענג דיר דרשה-געשאַנק אַצינד.
כ׳וועל דיר ברענגען אַ לבנה-קראַנץ.
טאַנץ פאַר מיר דיין ליבן לעבן-טאַנץ.
טאַנץ פאַר מיר מיין יונגן לעבן גאַנץ
פריילעך...

ס׳קלארנעטל.

פלינקער, פליסטער ווי אַ —

די טעלער.

גאַנדז — ז—ז...

ארלעקין.

ס׳גאַנצע גליק מיינס איז דיין אויגן-בליק
ס׳גאַנצע גליק מיינס —

די פידעלע. איז געזאַנג פון זיג...

ארלעקין.

ס׳גאַנצע גליק מיינס איז דיין צויבער, קינד.

די טעלער.

צעבער־צויבער, צינדט דעם צויבער, צינדט!

קאָלאָמבינע.

כ׳גלויב דיר! עס געפעלט מיר דיין געזאַנג.
שיין ביזטו, און ס׳איז דיין קערפער שלאַנק!
כ׳נעם זי אָן, דיין יוגנט — דיין געשאַנק.
און ס׳געפעלט מיר אויך דיין יונגער שפרונג,
ווי ס׳געפעלט מיר פלינק אַ בליצן־פונק...
און ס׳געפעלט מיר אויך צו מיר דיין ליבּ —
כ׳גלויב דיין אמת׳דיקקייט, אָ, איך גלויב...
זיי מיר מוחל אָבער, וואָס איך פרעג:
פון וואַנען קומסטו אָן, פון וועלכן וועג?
כ׳בין אַ פרוי... כ׳בין נייגעריק... און כ׳וויל
וויסן פון דיין לעבן, און דיין ציל...
כ׳וויל דערגיין דיין יחוס און דיין שטאַם.

די טעלער.

פעלצל־צדיק, צדיק־פעלצל —

די קעסלפויק.

סתם...

קאָלאָמבינע.

כ׳וויל דערגיין דעם סוד פון אויגן־פלאַם.

די טעלער.

ס׳רייצן צוימען, צוימען רייצן —

די קעסלפויק.

תם...

קאלאמבינע.

כ׳וויל דערגיין, פון וואַנען שטאַמט דיין שטאָלץ?

די קעסלפויק.

דאָמב! דאָמב! דאָמב! דאָמב!

די טעלער.

העלצל־העלצל־האָלץ!

קאלאמבינע.

ווער ביזטו? דיין נאמען ווי איז, זאָג?

ארלעקין.

כ׳בין דיין ליב-באַשערטער — כ׳בין דיין טאָג!
כ׳בין דער טאָג דער לעצטער — איך פאַרמאָג
גרויסן וויסן, שלאַנקקייט, עלעגאנץ:
ס׳איז מיין לידעלע אַ ניי־באַקאַנטס...
כ׳טראָג מיט זיך פון רוס אַ לאָרבער-קראַנץ —

די טעלער.

וואַנצן, וואַנצן טאַנצן אויף אַ טאַץ...
גלאַנצן, גלאַנצן ציינער פון אַ קאַץ..

די פידעלע.

מיזל־מייזל, זינגענדיקע מויז —

ארלעקין.

כ׳בין דער זיגער, כ׳קום צו דיר ארויס,
כ׳האָב פאַר דיר געבויט אַ מירמל-הויז —

כ׳האָב פון לצים׳לעך געמאַכט אַ תל...
קום, עס איז דאָס גליק שוין אויפ׳ן שוועל!
קום, עס קלאַפּט דאָס גליק שוין אין דער טיר...
קום, מיין ליבסטע, קום באַנאַנד מיט מיר —

## טראָמפּייט.

קרח איז אַ גביר און ליגט אין דר׳ערד...

## דער שטילער פּורים-שפּילער.

המן רייט איצט אויף דעם מלכות-פערד.
און דער הימל איז פאַרוואָלקנט שווער.
און עס פרירט אין מיר די הייסע טרער.
און עס גליווערט יעדער זון-באַגער.
און עס הענגט אויף מיר דער בלינדער חוק.
און עס שרעקט מיך יעדער קלאַנג פון גלאָק,
און עס פרעסט מיך יעדער פרעמדער חכא,
און עס שטיקט מיך יעדער פרעמדער גלעט.
מאַכט מיך פינצטער יעדער נייער טאָג!
שענקט אַ מאָל דער פרילינג מיר אַ פונק,
גיט אַמאָל די זון צו מיר אַ וואונק,
גיט אַ ציטער די פאַרשטאַרטע קעלט —
בין איך אלע מוחל אויף דער וועלט!
און איך לויף פאָרויס אין פריידן-בלענד,
אָדלער-פליגלען ווערן מיינע הענט.
פליגלען פון התלהבות אינ׳ם שוואונג,
און איך ווער אַלץ אינגער. אינגער, יונג.
יעדער אָטעם — ווערט אַ פאָן צעברענט...
יעדער פאָן — אַן עמוד אש... אַ זייל—
יעדער בליץ — פאַרברודערט מיט׳ן וואָרט!
און די צייט פון גליווערן איך אייל,
און איך שטויס די צייט פון גליווער-אָרט,
און דעם היינט פון פיינט איך טרייב און יאָג —

כ'צי מיט גוואַלד דעם קומענדיקן טאָג.

**די פידעלע.**

שפיזלט זיך די זקנה־צייט איר זאָק.

**ס'קלאַרנעטל.** תהלים, תהלים —

**דער קאנטראבאס.** זאָג, בחור, זאָג, זאָג!

**ארלעקין.**

זעסט, עס שטייט איצט עמיץ אויף'ן ראָג?
שרעק זיך ניט, עס איז אַ שפּילער אויך.
ס'איז אַנ'עלטערער — דער שפּילער דער...
קוק נישט, וואָס געבויגן איצט איז ער —
ער איז הויך געוואקסן, ער איז הויך,
און ס'איז מאַכטיק, שטאַרק זיין יונגער וואָרט...
און זיין הויקער — איז פון זאָרג די לאַסט.
און די לאַסט צו אים איז צוגעפּאַסט,
ווי ס'איז צוגעפּאַסט די גרויע באָרד...

**קאלאמבינע.**

ס'איז דער מלך פון אַ גורל־קאָרט?

**ארלעקין.**

גוט געזאָגט... דאָס איז ער, זיכער, ער.
ס'איז דער אַלטער וואָגלער אַהאַספער!..
פלאָנטערט ער זיך אין לבנה־נעכט...
און ער זוכט אין וואַנדערן זיין רעכט,
און ער וויל ניט זיין פון מיר קיין קנעכט...
און ער ברעכט די פינגער זיינע, ברעכט,
און ער פלעכט זיין אייביקקייט און פלעכט...
און ער פירט מיט זיך אַ ווילד געפעכט.

**קאלאמבינע.**

איך בין נייגעריק — צו איז ער עבּט ?

**ארלעקין.**

עבּט, וואָס עבּטער קיינמאָל וועט ניט זיין;
טיפּער ווערט ער, טיפער אין זיין פּיין,
אין זיין נישטערן אין גוט און שלעכּט...

**ס'קלארנעטל.**

ליליען... ליליען.. בליען, בליען שטיל...

**טראמפּייט.**

שטערן, שטערן פּירן אים —

**די טעלער.**

צום ציל...

**די פּידעלע.**

זיין געוויין, אוי, זיס איז זיין געוויין...
ווינטן וועלן זיין געוויין פּאַרוויי'ן —

**דער קאנטראבאס.**

אומעט, אומעט תמיד אָרעמט אים...
אומעט, אומעט תמיד...

**די קעסלפויק.**

דינים — בים !

**קאלאמבינע.**

איז דיין פּריינט עס, ליבער ארלעקין ?

## ארלעקין.

אָ, ווי פאַלט עס, ליבסטע, אויף'ן זין! ?
אָ, ווי קומט עס אויף די לעפּצן זיס ?
זע, ווי אָרעם אָנגעטאָן ער איז!
זע, ווי אָפּגעריסן איז זיין ראָק!
זע, ער האַלט אין האַנט אַ מסחר־וואָג!
זע, ווי אָפּגעלאָזן איז זיין גאַנג.
און ווי הייזעריק איז זיין געזאַנג.
זע, ווי מרה שחורה'דיג ער איז...
זע, ווי ס'איז זיין אָנבליק איצטער מיאוס!
לאַנגע באָרד און פּאות באַ דער זייט,
ס'אַראַ יופּעצל פון שמיציק זייד.
קריעה בלועה הענגט עס אויף זיין קאַרק:
אויף'ן קאַרק — אַ גאַנצער־גלות־באַרג.
קאָלאָמבינע־כּלה, קוק ניט מער!
ס'וועט דיר ווערן אויף דיין האַרצן שווער —

## קאלאמבינע.

ס'איז זיין וואַנדלען יעצט פאַר מיר אַ סוד!
האָט ער גאָט אין האַרצן? האָט ער גאָט?
אָ, ווי וואונדערבאַר איז זיין געשטאַלט!

## ס'קלארנעטל.

כ'פיל עס — ליליע־לילית —

## דער שטילער פורים־שפּילער.

ס'איז מיר קאַלט...
ס'נעמען בייזע בליקן מיך ארום.
ס'קוקט די וואָלעדיקייט אָן מיך קרום.
ס'וויל זיך מאַכן פרוב דער גרויסער חול.
און נסיונות ווידמען זיך אָן צאָל!
כ'הער פון לילית'ן דעם נאַקעט־קול.

## די טעלער.

גלאַנצן, גלאַנצן לצים־ציינדלעך: צאָל!

## קאלאמבינע.

אָ, ווי וואונדערבאַר איז זיין געשטאַלט!

## דער קאנטראבאס.

ס'וויגט זיך נאָך דער וואונדער־ווילדעד וואַלד —

## די פידעלע.

ס'איז פון זונען־זוימען אַ געזום --

## דער קאנטראבאס.

אַ געברום פון טויבן אויבן --

## די קעסלפויק.

בום —

## קאלאמבינע.

אָ, ווי וואונדערבאַר איז זיין געשטאַלט!

## ארלעקין.

פריינדין, ליבע פריינדין, ער איז אַלט.
ער איז דאָך דער גוף פון שטומן גוואַלד.
ער איז די פאַרקערפערונג פון שרעק —
ר'איז די קללה פון די העלסטע טעג.
אייביק וואַנדערט ער, און האָט קיין וועג.

## קאלאמבינע.

אָ, ווי הייס מוז זיין, און זיס זיין בלוט!
זיינע אויגן בלינצלען, פלעמלען שוואַרץ!
און אין זיי אַ ריזן־פייער רוט --

ארלעקין.

וואוילגעלערנט איז ער טאַקי גוט...
איך זשע אָבער האָב אַ גרויסע האַרץ!
איך זשע אָבער האָב אַ האַרץ פול מוט.

קאלאמבינע.

אָ, ווי וואונדערבאַר איז זיין געשטאַלט!..

ארלעקין.

כ'האָב געזאָגט דאָך פריער — ער איז אַלט,
און זיין חכמה אין זיין בליק איז קאַלט.
אין זיין איינזאַמקייט ער האַלט זיך גרויס —
וויל ניט פון זיין ענגן גבול ארויס;
און איך וויס נאָר, אַז ער איז אַ איד,
און מה יפית איז זיין העלדן=ליד.
שטיינסגעזאָגט, אַ ליד פון לויטער קלאָג —

די פידעלע.

זאָג דעם אמת, זאָג דעם אמת, זאָג!

ארלעקין.

ר'איז אַ פורים=שפילער אין דער וועלט!

קאלאמבינע.

מיר געפעלט זיין פנים... מיר געפעלט!
מיר געפעלט ס'ניט=זיכערקייט פון אים,
מיר געפעלט די מורא=טרער אין שטים!

די קעסלפויק. תמים —

די טעלער. צדיק... צלם אלקים.

קאלאמבינע. פול באַוועגונג זענען זיינע הענט!

און אין אויגן — ס'אַרא פייער ברענט!

## ארלעקין.

אָ, מיין שיינע, ס'איז אַ סאַנטימענט!
אָ, מיין ליבע, ס'איז אַ לייכטזין נאָר...
קאָלאָמבינע, ס'איז דיין בליק ניט קלאָר — —
קאָלאָמבינע, ס'ברענען מיינע האָר —
בראַנד אין אויגן — גליען מיר פאַר שאַנד,
און פאַרנעפּלט ווערט מיר מיין פאַרשטאַנד.
און עס קלעמט מיך אייפערזוכט און שרעק —
קאָלאָמבינע, קום פון דאַן אַוועק...
אָ, מיין לעבן — גיב מיר צאַרט דיין האַנט!
כ'בין דיין ריטער, דיין פּאָעט־גאַלאַנט...

## קאלאמבינע.

לאָז מיך! לאָז מיך, נאָר איין רגע וואַרט!
זע, ווי ס'איז אים ס'פּנים אויסגעדאַרט,
זע, ער קוקט איצט אימה'דיק פאַרשטאַרט.
זע, זיין שטערן איז — אַ שטערן בלאַס.
זע, אויף ליפּן רונצלט זיך דער שפּאַס.
זע, אין אויגן ברויזט אַ הייליק האַס.
אַ רחמנות ציט מיך צו זיין צער,
אַ רחמנות פון אַ מאַמע וויייך.
איז ער עס פון דער לבנה בלייך?

## ארלעקין.

שווייג, מיין האַרין! כ'בין אַצינד דיין האַר!
ער איז קנעכט איצט — איז ער בלאַס דערפאַר.
ער איז קנעכט איצט — איז זיין פּנים ווילד.
האָסט געררייצט אים — האָט ער עס דערפילט —

קאלאמבינע

נאַרעלע, דו מיינער, ב י ז ט  אַ  נ אַ ר.

ארלעקין.

וואַרט נאָר, וועסט דערוואַרטן זיך דעם שכר!
ווערט ער בייז — איז ווילד זיין גלי־געדאַנק,
ווערט ער ווילדער פון אַ קלאַפּער־שלאַנג.
ווערט זיין בלוט אַ מבול׳דיקער ים.
ווערט זיין אויג אַ תהום פון פלאַמען־סם
ווערט זיין קול אַ דונער פונ׳ם שטראף.
ווערט זיין וואָרט אַ נ ׳ אָ נ ז אָ ג פונ׳ם סוף.

קאלאמבינע.

אָט דער ש ט י ל ע ר פורים־שפּילער, דער?

ארלעקין.

ווי ידו זעסט אים, אָט דעם וואַנדער־גר!
טראָגט ער אום די בשורה פון דעם קץ —
יאָמערט ער אין נעבּט — ווי ווילדע קעץ,
אָט דער לץ מיט נעגל־ציינער שאַרף...

דער שטילער פורים־שפּילער.

ס׳איז פאַרלוירן ערגיץ־וואו מיין האַרף.
זוך איך זי אין אַלע עקן וועלט —

ארלעקין

זעסטו אים א שטילינקן פאַרשטעלט.
אין אַ לעמל־פעלעכל געהילט.
און עס לעבן אין זיין עונש ווילד
שרצים, עקדישן און ווילדע וועלף —

### קאלאמבינע.

ארלעקין, עס וועט באַלד שלאָגן צוועלף!
קריג איך מורא — ס'ענדערט זיך די צייט.

### ארלעקין.

האָב ניט מורא... ס'איז נאָך ווייט, נאָך ווייט.
אַ מהלך ווייט — ניטאָ קיין הויך,
ניטאָ קיין אָנצוהערעניש דערפון.
האָב נישט מורא — איך האָב מורא אויך!

### דער שטילער פורים-שפילער.

ווען וועט אויפלייכטן די קרוין פון זון?
ווען פאַרשווייגדן וועט דער שווארצער רויך?
ווען וועט פינצטערניש אין רוי פאַרגיין?
ווען וועט בלייכן אנהויבן די נאַכט?
ווען וועט אויפהערן אין מיר ס'געוויין?

### טראמפייט.

טיר און טויער זענען נאך פאַרמאַכט —

### דער קאנטראבאס.

וואָלקנס, וואָלקנס זענען אויפגעבראַכט —

### דער שטילער פורים-שפילער.

ווען וועט אויפשטראַלן פון זון די קרוין?
ווען וועט ווערן אין מיין ענגשאַפט שטיל?

### קאלאמבינע.

אָט, אַ מאָדנער טונקעלער פאַרשוין!
ווען ס'איז פינסטער — איז די בעסטע שפיל!

## ארלעקין.

כ׳האָב געזאָגט דאָך: ער איז אָן געפיל.
ער פאַרשטייט זיך ניט אויף דיר, מיין פראַכט.
ער פאַרשטייט זיך ניט אויף דיר, מיין נאַכט.

## דער שטילער פורים־שפילער.

שאָטנס פירן מיר אַרום א שלאַכט.
די נסיונות גייען אין אַ שטרייט.
און עראינערונגען זענען ווייט — —
זאָל אַ שטרויכלונג אין דער נאַכט געשען?
כ׳האָב שוין ניט מיין טרוים פון לאַנג געזען.
און עס ציט זיך לילית שלאנק צו מיר.
ס׳איז פאַרפירעריש איר נאַקעט לייב.
און אין זילבער פון איר פראַכט איך פריר.
זיין מיין שוועכטער וויל זי, אין מיין ווייב.
ציט צו מיר די נאַקעט־שלאַנגען הענט.
שיט לבנה־שטויבן. און פאַרבלענדט.
שיט לבנה־שטויבן. שיט און שיט.

## קאלאמבינע.

ס׳איז מיין תאוה־פודער, ברודער, איד.
ס׳בריט ניט, אסור, צאַרט איז עס און מילד...

## ס׳קלאַרגעטל.

בלוטן־בליטן בלייבן אָפּגעקילט --

## טראמפייט.

ס׳ווערט אנ׳אַנדערער נאָך מערער —

## דער קאנטראבאס.

וו—י—ל—ד!

### דער שטילער פורים־שפּילער.

ס'פּירט דער שטן טיף אין מיר אַ שלאַכט.
רוט ניט — ס'אויפגעקנוילטע אינגעווייד.
די נשמה שטאַרבט מיט פליגלען אויסגעשפּרייט — —
וואָלט איך מיינע אויגן צוגעמאַכט.
וואָלטן די זכרונות מיר דערוואַכט...
שווער איז ער מיין איצטערדיקער עול.
אָ, זכרונות מיינע פון אַמאָל!

### מרים — אַ לבנה־שאָטן.

כ'הער מיין ברודער'ס רופנדיקן קול.
כ'הער פון באַרג זיין שטראַלנדיקע שטים.
און איך טאַנץ אין ליכט אַנטקעגן אים.

### דער שטילער פורים־שפּילער.

פלאַמען־ווינטן זענען דיינע האָר,
שוועסטער מיינע, מיין פרימאָרגן קלאָר!
רויזע־רויטע ווינטן זענען זיי.
דיינע הענט, ווי פליגלען זענען צוויי —
נעמען זיי מיין האַרץ אין פרייד אַרום.
זענען דיינע אויגן, שוועסטער, פרום!
קום צו מיר מיט טענץ, מיט דיין געזאַנג —

### שולמית — א לבנה־שאטן

ס'וואַרט מיין חתן אין זיין עלנט לאַנג.
ס'זוכט דער חתן אין דער נאַכט מיין ליד.
אין דער פינצטער זוכט ער מיינע טריט.
און איך הער זיין וואָגלדיק געוויין!

### דער שטילער פורים־שפּילער.

שוואַרץ ביזטו, מיין כלה, נאָר ווי שיין!

דיינע אויגן — דיינע זונען שוואַרץ
גלאַנצן, בענקען תּמיד אין מיין האַרץ!
פון דער וויטנס הער איך איצט דיין רוף.
גאָלדן־זוניק איז צעשטראַלט דיין גוף.
בשורה־טויבן גאָלדענע אַ פּאָר
זענען דיינע בריסטן צאַרט און קלאָר!
דיינע היפטן שכּור'ן מיין בליק —
רעגנבויגנס פול מיט פאַרבן־גליק —
טראָגסטו ווײַנטרויבן באַפּערלט בלוי.
און דו הויכסט אויף זיי דיין אָטעם־טוי —

## רות — א לבנה־שאָטן.

כ'הער עס רופט ד ע ר מ אַ ן זיין יונגסטע פרוי.
רייפע זוימען טראָגט ער אין פאַרלאַנג.
כ'הער זיין אויסגעוויינט פאַרבענקט געזאַנג.
כ'הער זיין אויסגאַנג־זונדיקע שטים:
כ'זאָל משיח'ן געבוירן אים —

## דער שטילער פורים־שפּילער.

אָ, מיין הייליקע, מיין שטילע ו וי יַ ב!
כ'בלייב איצט אין מיין וואַנדערן א ל יי ן
כ'וויל נאָך דיר, אין דיינע וועגן גיין —
זאַנגען אָ פּ ג ע פּ אַ ל ע נ ע איך קלייב.
זאַנגען קלייב איך אין מיין וואַנדער־זאַק.
רינט אַ טרער מיר אויף מיין אַלטע באַק.
און אַ פרעמד, אַן אָפּגעשניטן פעלד
איז מיין אָפּגעשניטן וויסטע וועלט...
אָ, מיין הייליקע, מיין שטילע טויב,
דיינע אויגן זילבערנע דערהויב —

## קאלאמבינע.

מיינט ער מ י ר עס, צאַרטער אַרלעקין?

ארלעקין.

משוגע איז ער — רעדט ער פּונ'ם וועג.
רעדט פֿין נעכטיקע גן עדן=טעג.
חלום — הייסט עס — טרוימעריי=געשפּין —

קאלאמבינע.

האָט ער אויסגעזען — אַ שוואַרצער שפּין...
וואו געצויגן האָט ער, וואוּאַהין?

ארלעקין.

האָסט געזען העויות — ס'אַרא מין?
האָסט געזען די אויגן בלינד אָן זין?
האָסט געמערקט דאָס ווילדע גלאָצעריי?
האָסט געזען דאָס כשוף=מאַכעריי?
כשוף, שוואַרצע=קינצלעריי ניט מער —
קאָלאָמבינע, ס'איז ניט ווערט דיין טרער!
זעסט, אויף אַלע סודות, ווי איך שפּיי!
כ'גלויב קיין אבערגלויבן — ניט כדאי...

קאלאמבינע.

כ'זע דיין מח, ליבסטער, דינט דיר טריי!

ארלעקין.

קיינמאָל, קיינמאָל ערגער — הלואי...
כ'האָב דאָך סיי ווי סיי ניט ליב דעם סוד.
סודות דינען קיינמאָל ניט די פריי.
הלמאי זיך נאַרן, ליבער גאָט!..

דער שטילער פורים=שפּילער.

אויסגעלערט דעם טרוים מיר אויפדאָסניי —
האָט דער גרויזאַם מיר אויפסניי באַשפאָט.

בין איך אין די צוואנגען פֿון דער נאַכט,
אין די ספֿקות פֿינצטערע געבראַכט. .

## ארלעקין.

ווילסטו וויסן ליבסטע, וואָס ער טראַכט?
ווילסטו האָבן גוט די נאַכט פֿאַרבראַכט?
ווילסטו — בעט מיך — וועל איך מיין באַפֿעל
געבן און ער וועט דערציילן אונדז,
נסים ווייזן דורך דער שוואַרצער קונץ,
מאַכ'ן פֿון דער נאַכט אַ „מאָרגן" העל...
מאַכן פֿון דער וועלט אַ וויסטן תּל.

## דער שטילער פּורים-שפּילער.

און דאָס לעבן אין די פּויסטן לאַכט.
תּמיד שטיי איך, וואַרט איך אויפֿ'ן שוועל.

## קאלאמבינע.

כ'האָב אויף אים אצינדערט אַ פֿאַרדאַכט.
כ'האָב צו אים אַ פֿאָרגעפֿיל פֿון חשד.
עפּיס איז אַצינד בײַ אים ניט גלאַט.

## ארלעקין.

הער נאָר יונגערמאַן!.. די „פּאַני בראַט",
זאָג נאָר עפּיס אויפֿ'ן שטעל און אָרט...
זאָג צו אונדזער שמחה אַ גוט וואָרט.
מיט דיין וואָרט — די ליבע אונדז באַציר.
זיי נאָר ניט אין דעם דערציילן פֿלאַך...
זינג אַ כּפֿל שמונה'דיקן שבח!
זינג אַ לויב-געזאַנג צו מיר און איר!

## דער שטילער פּורים-שפּילער.

כ'וועל דערציילן אייך אַ מעשה.

הערט אַ מעשה:
וועגן פּייסי־פּתי בור דאוריתא;
וועגן דעם פעטן פּעטער פּייטל,
וואָס האָט געהאַט אַ פּולן מינצן־בייטל
און אן אַלטפּרענקיש זילבער־טייטל..
און וועגן דער פרומער מומע מייטל,
וואָס האָט געטראָגן אַ שייטל,
וואָס איז געגאַנגען אין פרעמדע האָר...
און קיינעם ניט געטאָן קיין שלעכטס —
געקאָכט נאָר תמיד הייס געקעכטס...

געווען איז עס אַ וואוילע פּאָר,
מיר צו לאַנגע יאָר!

שרייט די מומע מייטל
צום פעטער פייטל,
וואָס ציילט דאָס מינץ אין גראָבן בייטל:
— ס'טייטש, עס וואַקסט דאָך פּייסי אונטער,
באַקן האָט ער רויט, ווי צונטער.
פון טאָג צו טאָג ווערט פּייסי רייפער,
אַלץ געזינטער און אַלץ שטייפער,
און קאָן קיין עברי ניט קיין שייטל...

הערט אַ מעשה,
ער בלייבט, חלילה, אַ בור דאורייתא!

— דהיינו, זאָגט דער פּעטער פּייטל,
און ווייזט אויף פּייסין מיט'ן טייטל:
די טענה איז דאָך מ יי נ ע, מ יי נ ע!
הער אַ מעשה'לע אַ פיינע,
מייטל, הער אַן אַלטע מעשה,
וועגן אַ ציקעלע אַ ווייסע,
וועגן אַ ציקעלע אַ רויטע...
פּייסי וועט שוין בלייבן אַ פּתי, אַ שוטה...

אַזוי קורץ, אזוי לאַנג — עס איז אזוי געבליבן:
איך האָב ניט אויף אַ האָר די מעשה איבערטריבן...
אזוי איז עס געווען, אזוי איז עס באַשריבן.
און אַ פּלעקעלע אריין, אַ פּלעקעלע אַרויס:
און די מעשה איז אויס...

## ארלעקין.

וואָס איז עס די מעשה'לע, אַ שפּאַס?
פּותר זיין מוזטו מיר דעם געדאַנק —

## קאלאמבינע.

כ'האָב מורא, ס'איז אריין די משוגעת
אצינד אין אים...

## דער שטילער פורים-שפּילער.

אָפּגעשטאָרבן איז אַ קלאַנג...
אָט אַזוי פאַרוואָלקנט, אָט אזוי
איז דער הימל פאַר מיר תמיד גרוי.
איז דער הימל פאר מיר תמיד שווער.
און מיין האַרץ איז אויסגעהוילט און לער —

## דער קאנטראבאס.

וואָס דער מער — איז, וואס דער מער?
אָבער ס'איז זיין העזה גרויס געווען!

## דער שטילער פורים-שפּילער.

כ'האָב א חלום אין דער נאַכט געזען.
כ'האָב אין נאַכט מיין חלום אויסגעבענקט.
האָט מען מיר מיין חלום'ען געלענקט...
האָט מען אָפּגעלעסטערט מיין פאַרלאַנג —

## די קעסלפויק.

בום — דום, תמים... תם...

## די טעלער.

צאַנקען-צאַנק!

## דער שטילער פורים-שפילער.

כ׳האָב אַ חלום אין דער נאַכט געהאַט.
בין איך פון דערוואַכונג מיד און מאַט...
און פאַרפינצטערט איז מיין אויג, און בלינד.
וואָגלט בלינדערהייט אַ שטראַלן-קינד.
דאַכט, עס בלאָזט שוין איצט אַ מאָרגן-ווינט.
אויסגערונען אין דער שטומער נאַכט
איז מיין חלום. אַלץ איז אויסגעלאַכט...
אָפּגעשטאָרבן טויט איז יעדער חוש — —

## ארלעקין.

קאָלאָמבינע, ווי ס׳איז זיס דיין קוש!
ביזט דער פרילינג פון מיין לייב און זעל!
אָ, ווי דיינע אויגן לויכטן העל —
אָ, ווי ס׳איז דיין קערפער יונג צעבלומט!

## טראמפייט.

ברוך הבא!

## די טעלער.

ס׳קאָצל, ס׳קאָצל קומט!

## ס׳קלארנעטל.

כלה׳לע! כלה׳לע!

די פּידעלע.

ווײַן, ווײַן, ווײַן!

טראָמפּייט.

יאָרעלעך לאַנגע װעלן פֿאַרגײן!

ס'קלארנעטל.

כּלה'לע, כּלה'לע, בלייבסט אליין?

ארלעקין.

קאָלאָמבינע, כּלה מײַנע שײן!
אַלץ פֿאַר דיר װעט אױף די קניען שטײן.
אַלץ פֿאַר דיר װעט זינגען שירה גרױס.
אַלץ װעט לעכצן נאָך דײַן הײסן שױס.
אַלץ פֿאַר דיר װעט אױסגײן אין דײַן מאַכט.
און מיט אַלץ װעט קניען אױך די נאַכט...
אונזער נאַכט פֿון דער לבנה — ליב,
אָ, װי הײס איז איצט צעגליט דײַן ליפּ!

דער שטילער פּורים-שפּילער.

וואָלקנס האָבן זיך פֿאַר זנות פֿאַרשעמט —

ארלעקין.

שטיקסט מיך קאָלאָמבינע... כ'בין געקלעמט...
אין די אָרעמס דײַנע... אין דײַן בראַנד...
קאָלאָמבינע... איך פֿאַרליר ס'פֿאַרשטאַנד...

דער שטילער פּוריב-שפּילער.

בליצן — װאָלקנס — פֿלאַקערן פֿאַר שאַנד — — —
װאָלקנס, װאָלקנס װערן פֿײַער-רױט —

## קאלאמבינע.

ער איז שוין אין מיינע אָרעמס — ט ו י ט —

(עס ווערט פינצטער. די לבנה — ווייטער אונטער די וואָלקנס באַהאַלטן. דער שטילער פּורים=שפּילער בלייבט שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ נעבן דעם ט ו י ט ן אַרלעקין. עס ברעכט אויס אַ שטורעם און אַ גוס=רעגן. די פינצטערניש ווערט אָפּט באַגאָסן פון בלוטן=בליצן. קאָלאָמבינע גייט אַוועק. און אין דונערן=געיעגעריי פאָלגט איר נאָך ישעיה הנביא׳ס קול).

## דאס ווארט פון ישעיה הנביא

זונה גרויסע, וואָס דו אייביק ביזט,
וואָס דו האָסט די אַלוועלטן פאַר׳מיאוס׳ט,
וואָס דו האָסט באַשפּאָטן מענטש אין גאָט,
וואָס דו האַנדלסט מיט דיין קראַנקער שאַנד!
זונה, נעם דיין פידעלע אין האַנט,
רינגל אום-ארום די חרפה-שטאָט!
נעם דיין פידעלע, און זינג דיין ליד.
דו, פאַרגעסענע, זאָלסט זיין אין מיט —
אין דערמיט פון אַלץ, פון נאַכט פאַרבלאַסט,
זונה גרויסע, און פון טאָג פארהאַסט!



22/III—20

# A chasenke.

אַרויסגעגעבן פֿון דעם פֿאַרלאַג: „יונג=
אידיש״ אין אַ צאָל פֿון 500 עקזעמפּליאַרן.
געזעצט דורך משה מענדזירזשעצקי
:: :: אין אָפּגעדרוקט אין דער דרוקעריי :: ::
פון מ. מיימאָן, לאָדזש, ציגל=גאַס 10.

Drukarnia M. Majmona, Łódź, Cegielniana 10.

